י. דאָבּרושין.

# אסתרק'ע.

(ערצעהלונג.)

MICROFORM

№ 2.



# „קונסט-פערלאג, קיעוו.“

## קליינע ביבליאטעק

אין דער סעריע, וואס וועט פעריאדיש דערשיינען העפטענווייז, וועלען אריינקומען גאנצע דערצעהלונגען, ליעדער-זאמלונגען, אריגינעלע און איבערגעזעצטע, און אויך קונסט-און-קריטיק-אפהאנדלונגען.

## ערשינען:

1) דוד בערגעלסאן: דער טויבער . . פרייז 15 קאפ.
2) י. דאברושין: אסתר'קע . . . . . „ 15 „
3) א. ראובני: אין דול-הויז. . . . „ 15 „
4) ע. קארמאן: פון היינטיגע הימען (ליעדער). 20 „
5) נ. מייזיל: „ח. נ. ביאליק“ (די ווייגען פון זיין שאפונג), (דרוקט זיך)
6) יונה ראזענפעלד: שלמה'קע . . . . . „ „

אין די נאהענטסטע העפטען וועלען געדרוקט זיין: דערצעהלונגען און פאעמען פון י. ח. ברענער (געשריבען אין אידיש), דער נסתר, לייב ניידוס, אנרי דע רעניע (פון פראנצויזיש), רייגער מאריא רילקע (פון דייטשישען), ליעדער-זאמלונגען פון פאל ווערלען און סילי פריודאם (פון פראנצויזישען) און ארטיקלען: ם. ליטוואקאוו — וועגען י. ח. ברענער'ן, ש. גארעליק — גלות-ראמאנטיק, און אנד.

I. Добрушинъ: ЭСТЕРКЭ. Разсказъ.

Скоропечатня I. Шенфельда, Кіевъ Подолъ, Александр. ул. 10.



# I

אסתר׳קע — אזוי האָבען זי גערופען אלע: קרובים, בעקאַנטע, גאַנץ שטאָדט. אַנדערש, דאַכט זיך, האָט מען גאָר ניט געקענט זי רופען, זי — מיט׳ן צאַרטען אויסגע־טאָקטען פּנים, מיט׳ן שטילען ליעבליכען שמייכעל אויף די ריהרעוודיגע ליפּען. בעוועגליך איז געוועזען איהר געזיכט ווי אַ געשווינדער וואָלקענדעל אויפ׳ן הימעל, יעדער רגע געביטען זיך, קלאָר אָפּגעשפּיגעלט די פלינקע טיעפע איינ־דריקען פון איהר נשמה. האָבען מענשען ליעב געהאַט רײדען מיט איהר, קוקען אויף איהר געזיכט — געצווינגען האָט ער ווי אַ לויפענד זילבערן וואַסער׳ל, אין וועלכען ס׳זווילט זיך אָפּט אויף אייביג פערטיעפען...

און אַ חבר׳טע האָט זי געהאַט פונקט דעם היפך פון זיך: אַ מעלאַנכאָלישע, ניט קיין אויסגערעדטע נשמה. אזא לאַנגזאַמע איז זי געוועזען, חוה, אַן׳איינגעהאַלטענע, גלייך ווי איהר וואָלט שווער געוועזען בעוועגען איהרע שוואַרצע לאַנגע־ברעמען, — האָט זי נאָר שטענדיג געקוקט טיעף אין זיך, מיט זיך זעלבסט, כלומר׳שט, אלע מאָל געוועזען פער־טומען.

„קאָנטראַסטען שטימען״, — האָט מען געזאָגט אין שטעדטעל, זעהענדיג זיי שטענדיג צוזאַמען, אויף אַלע שפּאַצירען אַלע מאָל אינאײנעם: אײנע מיט איהרע פרײנדליך־צוציהענדע בעוועגונגען, די צווײטע מיט איהר געלאַסענער שווערער ערנסטקײט.

האָבען מענשען בעמערקט, אז חוה ווירקט ניט נאָר גוט אויף אסתר׳קען: עפּיס, דאַכט זיך, פערשאַטענט זי איהר שעהן־אויפּגעלעגט געזיכט, שטעלט־אָפּ מיט איהר אײנגעהאַלטענקײט יענערס פלינקע, האַרציגע בעוועגונגען.

אפילו די מוטער אסתר׳קעס, א גוטע, שטילע אידענע, האָט געמורמעלט, אז חוה איז איהר קײן פּאָר ניט. „ווי איהר זעהט אָט די שטילע חוה — האָט זי זיך געקלאָגט פאַר איהרע שכנים, — איז ווען זי איז אין צווײען מיט אסתר׳קען רעדט זי, חוה דוקא די גאַנצע צײט, מענה׳ט עפּעס אָהן אַנ׳אויפהער. און מײנע הערט אוא אומעטיגע, א פערטראַכטע. ווער ווײסט, צו וואָס זיי קענען זיך דעררײדען״, — פלעגט זי שטענדיג אָפּזיפצען צום סוף.

האָט זי געיאוסט, אסתר׳קע, אז די מאַמע האָט נאָר מורא, חוה זאָל ניט אײנרײדען זי מיטפאָהרען מיט איהר אויף קורסען אין דער גרויסער שטאָדט, וואו חוה האָט שוין געלערנט, בעת אסתר׳קע, וועלכע האָט געענדיגט גלײך מיט איהר חבר׳טע די גימנאַזיע, איז אין דער הײם נאָך פערבליבען.

און ווען זיי פלעגען זײן אין צווײען, פלעגט אסתר׳קע, אויסהערענדיג חוה׳ס אומעטיגע, אָפט פעסימיסטישע געשפּרעכען, אמאָל אויך ניט וועלענדיג א טראַכט געבען: זי איז מאַקע א שווערער מענש, חוה; פלעגט זי אָבער באַלד טיעף אין האַרצען חרטה בעקומען און ווי אָפּגעריסען

זיך פון עפּיס, פאַלען יענער אויפ'ן האַלז, טרוסטעטען זי און קושען הײס, לײדענשאַפטליך ...

— כ'האָב דיך ליעב, וואָס דו ביזט אַזאַ, אַ משוגע'נע —פלעגט איהר אין אַזעלכע מינוטען זאָגען חוה, און נאָך מעהר, דאַכט זיך, מיט די ווערטער אונטערשטרײַכלען איהר אײגענע געלאַסענקײט און ערנסט.

פלעגען זיך זײערע געשפּרעכען גיסען נאָכדעם אַזוי אינטים־פרײַ, ניט אײַנגעהאַלטען, בעזונדער דעמאָלט, ווען זײ פלעגען נעכטיגען אײנע בײַ דער צווײטער, שלאָפען צוזאַמען אין אײן בעט און ביז שפּעט אין דער נאַכט ענטדעקען זיך צווישען־אַנאַנד די מינדסטע אײַנדריקען פון זײער לעבען. אַזאַ נײַע, שעהנע, אינטימע וועלט פלעגט זיך אַרויסוועבען פון די אונענדליכע האַרציגע שמועסען, אַ בעזונדערע, אײגענע וועלט, וואו יעדער געדאַנק איז געווען אויסגערעדט ביז'ן סוף, יעדע איבערלעבונג וויקעלט זיך אַרום אַזוי טיעף־ענטבלויזט, ליעבליך נאַקעט, וואָס ס'איז גאָר אונמעגליך דעמאָלט, ווען מענשען זײַנען אַנגעטונענע, געהען אום און לעבען...

אַזעלכע שמועסען אָבער פלעגען זיך דאָס רוב אָדער פערענדיגען גאָר מיט אַ לוסטיג־שטיפערישע שטימונג, מיט פרעהליך־קינדישען געלעכטער, אָדער פלוצים פלעגט זיך דערפיהלען אַזאַ פּוסטקײט אין האַרצען, פער'גנב'ענען זיך אַזאַ אומעט אין דער נשמה, אז בײַ בײדען פלעגען זיך ניט ווילענדיג גיסען הײסע, ניט קײן געבעטענע טרערען...

און רײדען האָבען זײ געהאַט פון וואָס. אַזוי פאַר־בעפעלט איז פאַר זײ בײדען געווען די ווירקליכקײט, אַזוי פיעל פראַגען האָבען געפאָדערט אַנ'ערקלערונג און ס'איז געווען אַנ'אונטערשײד, נאָר אָפט אַ גרויסע סתירה צווישען

זײַער אינערלעכער וועלט, השגות און פֿערלאַנגען אין דעם, וואָס ס'איז מעגלעך און קומט פֿאָר אַרום.

— מענשען לײַנען צופֿיעל, — פֿלעגט אַרויסזאָגען אסתּר'קע איהר מײנונג בעשטימט וועגען אַלע פֿערוויקעלטע ענינים, בעת חוה האָט געפּרובט אַלע מאָל זיך ערנסט גריבלען אין די פּסיכאָלאָגישע טעמים פֿון אינצטינגען פֿאַלשען אויסקומעניש.

— און ס'וואָלט זיך יעלען — האָט אסתּר'קע אײנמאָל אַ זאָג געטון — אַז מענשען זאָלען איפּ'ן וואָהר אויך ווי אין חלום קענען קומען פֿרײַ אײנער צום צווײטען, רײדען און טון וואָס זײ ווילען.

— בײַם נאָך גאָר אַ קינד — האָט איהר געענטפֿערט חוה — אוילכע מאָמענטען זײַנען פֿאַראַן, ווען אַ מענש קאָן נישט פֿיהלען זיך פֿרײַ ווי ס'ווילט זיך, ווען די איבערלעבונגען זײַנען טײַער נאָר כּל זמן זײ זײַנען אַ סוד, אַ אינטימע, אָפֿט מאָהל פֿאַר זיך זעלבסט נישט קײן ענטפּלעקטע רעטעניש.

האָט זי געוואוסט אסתּר'קע, אַז חוה רעדט מכּח איהר אײגענער ליבע צו בערג'ן, אַנ'אויסלענדישען סטודענט, מיט וועלכען חוה האָט זיך אין דער גרייסער שטאָדט בעגעגענט. אַזאַ ווײַכטיגען אָרט האָט דער בערג פֿערנומען אין זײַערע לאַנגע געשפּרעכען, אַזוי טרוימערש-פֿערוויקעלט האָט חוה וועגען איהר געפֿיהל צו איהם שטענדיג גערעדט, בעת אסתּר'קע האָט אַלײן זיך געטראַכט, אַז דאָ, אין ליבע, דאַרף נישט זײַן קײן שום סודות, קײן שום רעטענישען.

— ווען איך וואָלט געליבט — האָט זי אײנמאָל בעמערקט חוה'ן — וואָלט דאָס געווען אַזוי אײנפֿאַך, פֿרײַ, אָפֿען. כ'וואָלט נאָר נישט בײַ זיך אין נשמה נישט פֿערבעהאַלטען, נאָר נישט פֿאַר זיך נישט אָפּגעשטעלט.

— דאָס איז שוין דער סוף און פריִהער איז פאַראַן אַזוי פיִעל... — האָט זיך חוה אויסגערעדט און איבערגעריסען, פערשטאַנען פּלוצים, אַז אסתר'קע איז נאָך גאָר, באמת, אַ קינד, לעבט איבער נאָך דעם פעריאָד, ווען מען פאַסט אויף די ליעבע בלויז ווי אַ אומשולדיגע שעהנע ראָמאַנטיק, אָהן יענער בענקענדע פערלאַנגען, וואָס פערשאַפען אַזוי פיִעל שעמעוודיגע ליידען, ווען זיי הויבען אָן אַרוםבּרעמען דיִמליכער, שאַרפער אינ'ם געוואוקסזיין...

אַ צייט האָבען זיי נאָכדעם אויסגעמיידט ריידען מכּח בערג'ן, געפיהלט ווי אין זייערע בעציהונגען האָט זיך געשאַפען אַ ליידיגער פלאַץ, פון וועלכען זיי האָבען בּיידע געמיידט: חוה — בכּיון און אסתר'קע — אינסטינקטיוו, ניט געוואָלט עפּיס בעריהרען דעם ענין, אין וועלכען זי פיהלט, אַז איהר חבר'טע האָט ניט געקענט ענטדעקען אַלץ, וואָס דענקט און לעבט איבער...

ערשט שפּעטער, ווען חיה האָט ערהאַלטען פון בערג'ן אַ ידיעה, אַז ער קומט צופאָהרען צו זיי אין שטעדטעל, כּדי דאָ דעם זומער פערברענגען, איז זי צו אסתר'קען מיט'ן פרעהליכען נייעס געקומען און מיט איהר אַ צייט ווי פריִהער אינטים פערבראַכט. אין פעלד אויסער'ן שטאָדט זיינען זיי דעמאָלט געווען. איז אסתר'קע מיט'ן פּנים צום הימעל אויפ'ן גראָז געלעגען און צוגעהערט דעם שטילען פליסטערען פון חיה'ס געשפּרעך. גערעדט האָט איצט חוה אָפענהאַרציג, דערצעהלט מכּח איהר געפיהל צו בערג'ן, דערצעהלט, ווי זי ליעבט איהם און רינגעלט שוין אַ צייט אַרום זיין נשמה; ווי זי געהערט איהם מיט'ן גאַנצען שוין לאַנג אין גאַנצען, קען זיין, און האָט מורא שטענדיג פאַר יענעם מאָמענט, פאַר יענער וואָרט, וואָס דאַרף ענטשיידען, פערווירקליכען זייער גליק.

אסתר׳קע האט פערנומען חוה׳ס פליסטערען און אין הויך ווידער נים פערשטאנען יענערס צוויפעל. געקוקט אין הימעל, געטראכט, אז אלץ ארום איז אזוי ברייט, ענט־פלעקט: ס׳לויטערט זיך די וויטע בלאהקייט, ס׳ציהט זיך פריי אין אלע זייטען דער גרינער שטח — און פערבעהאל־טען האט אסתר׳קע אין זיך דעם געדאנק, אז עפיס, א פנים, פעהלט בערג׳ן אין זיין ליעבע צו הוה׳ן, דערפאר פיהלט זי איהם אזוי סודיש, פערוויקעלט.

— ווען א מענש לאזט זיך פיהלען אינגאנצען, מיט אלעמען, — האט זיך הויך ארויסגעזאגט איהר מיינונג, -- איז ער קלאר, פערשטענדליך. דו ווייסט, — האט זי היציג פערענדיגט, — אז בערג וועט קומען, וועל איך העל־פען דיר ליעבען איהם, ביידע וועלען מיר קענען ביקומען די מורא פאר יענעם ווארט, פאר יענעם מאמענט, וואס דו זאגסט...

חוה האט שוין פרעהליך געשמייכעלט, געקלערט, אז אסתר׳קע איז פארט נאך גאר א קינד, א אומשולדיגע נשמה...

---

## II

בערג האָט װעגן זײַן קומען קײנעם קײן ידיעה ניט געגעבן. חװה האָט אױך ניט געװאוסט, אַז ער איז שױן דאָ אין שטעטיל. צופעליג האָט ער געטראָפן אַ װאױנונג אין דעם געגענד, װאו אסתר׳קע האָט געװאױנט, אין דעם זעלבן פאַרנאַכט האָבן זײ זיך אױך צופעליג געטראָפן.

װען אסתר׳קע האָט אַלײן אױף אַ באַנק נעבן איהר װאָהנונג פערזאַמט, אַ פערטראַכטע, אַ פערטועטע אין׳ם טיעפן רוה פונ׳ם שטילן זומער-אָבענד, איז ער פּלוצלים געבען איהר ערשינען, װי אַרױסגעשװאומען פון דער בלאָ-הער זאַנפטער װײַטקײט און זיך אַפּשטעלענדיג געפרעגט:

— צי װײסט זי ניט, װאו זיצט חװה שערמאַן?

— כ׳װײס האָט געענטפערט אסתר׳קע, פלינק איהם בעטראַכט, פערשטאַנען, אַז ס׳איז געװיס ער, בערג, און שטיפעריש צוגעגעבן באַלד:

— און כ׳װײס, צו װאָס איהר בעדאַרפט זי.

— װײסט איהר מעהר פון מיר, — האָט בערג ערנסט, װי פאַר זיך זעלבסט אױסגערעדט.

אסתר׳קע האָט שױן מעהר ניט גערעדט, פערשעמט

זיך, אַנגענומען נאָר בערג׳ס פאָרשלאָג בעגלײַטען איהם ביז חוה׳ן.

אין וועג האָבען זיי געשוויגען. „ב׳בין אזוי מיער“, האָט בערג נאָר, ווי ענטשולדיגענדיג זיך, געזאָגט. אין אסתר׳קע האָט בעמערקט, אַז אַלץ וואָס ער זאָגט אַרוים איז אזוי ערנסט, ענטשלאָסען, גלײַך, ווי ער וואָלט זײַנע ווערטער געצויגען פון אַ אינערליכער, רוהיגער טיפעניש.

בעטראַכט האָט זי איהם איצט גענויער, געזעהן, אַז ער איז אַ שלאַנקער, אַ הויכער מיט אַ מאַט־ברוינעם געזיכט און טיפע רוהיגע אויגען. אויך האָט זי בעמערקט אַ פּאָר קנייטשען אויפ׳ן שטערן, אַזעלכע טיפע און בעוועגליכע, אַפט מאָל געהן זיי זיך פונאַנדער איבער׳ן גאַנצען געזיכט, פערבעהאַלטען זיך אין די ווינקלען פונ׳ם מויל, גיט זיך רעמאָלט אויס, אַז ער לאַכט, שמייכעלט אַלײַן זיך אזוי ערנסט, פערטיעפט.

— ב׳האָב געמיינט, אַז איהר זייט נאָר אַנ׳אַנדערער, — האָט זי איינגערעדט, ניט געקענט אין זיך אײַנהאַלטען דעם געדאַנק.

— און אפשר בין איך טאַקע נאָר אַנ׳אַנדערער, — האָט ער איהר געענטפערט נאָך אַ קלײַן שווײַגען ווידער ערנסט, געלאַסען.

שפּעטער, אַז זי האָט ניט געוואָלט געהן צו חוה׳ן, געזאָגט, אַז זי וועט זיי געײם שטערן, האָט ער הויך בעמערקט, אַז זי איז טאַקע אזא, ווי ער האָט געטראַכט.

אין דער היים האָט אסתרקע אַ צײַט פון פענסטער אין דער בלאָהער נאַכט אַרײַן געקוקט, און איהר געדאַנק האָט געריִנגעלט אַרום דעם, ווי בערג איז פּלוצים פון דער בלאָהקייט ערשיִענען, עפּיס ווי געבוירען האָט איהם די טיפע ווײַטקייט, אויך האָט זיך איהר אומגערען געטראַכט,

אַז דאָרט, בײַ חוה׳ן, בעדאַרף איהם זײַן אומעטיג. אועלכע זײַנען זײ בײדע עהגליכע, געלאַסענע, ערנסטע...

אײַנגעשלאָפען איז אסתר׳קע שפּעט בײַנאַכט, און גאַנץ פריה האָט חוה זי שוין אויפגעװעקט, געקומען מיטטײלען מפּח בערג׳ס קומען. אַ פרעהליכע איז חוה געװען, אַנ׳אויפגעמונטערטע, געקושט האָט זי הײס אסתר׳קען, פערטרויט איהר שטיל, אַז בערג איז אַזאַ װאַילער. „אַ װאוילער?“ — איז זי צוגעשטאַנען צו איהר חבר׳טע, „דו האָבסט דאָך איהם שוין געזעהן?“

— געזעהן, — האָט אסתר׳קע נישט װעלענדיג געענטפערט, צוגעגעבען: װײסט, חיה, איצט ביזטו אַ פרעהליכע, אַזאַ װי איך אַלע מאָל.

— אַ סימן, אַז דו ביזט שטענדיג גליקליך — האָט חיה לאַכענדיג געענטפערט.

— שטענדיג גליקליך.

די לעצטע װערטער האָט אסתר׳קע אײַלענדיג איבערגע׳חזר׳ט װי אײַנגעשלונגען, פערטריבט אין זיך אַ פלינקען, אַ נאַגענדען געפיהל, און באַלד שוין װי אַלע מאָל מיט חוה׳ן ליסטיג געלאַכט, געקליבען זיך געהן צוזאַמען צו בערג׳ן.

— גיט זיך מיר איס, אַז איך הויב־אָן אַ נײַ לעבען — האָט חיה אין װעג פערטרויט אסתר׳קען איהר שטימונג, — עפּיס אַנדערש זעהען איס איצט אָט די אַלע בעקאַנטע המולאך פון שטאָדט, די פּלײַטען, די בוימער, גלײַך װי ב׳װאָלט שוין געװאוסט צוליעב װאָס זײ שטעהן דאָ: װײַל זײ געפינען זיך דאָך אויפ׳ן װעג צו איהם, צו בערג׳ן — האָט זי שטיל פערענדיגט.

— װײַל דו האָבסט איהם ליעב — האָט איהר אסתר׳קע שטיל אין טאָן בעמערקט, געפיהלט אָבער אַז ס׳זײַנען פאַר

איהר פרעמדע, אומבעדײַטענדע ווערטער, ארומגעקוקט זיך, ווי געזוכט א שייכות צווישען די נידעריגע הײַזלאך, דעם אלטעגליכען אויסזעהן פונ׳ם שטעטעל מיט דעם, וואס ס׳קומט פאר בײַ חוה׳ן אין נשמה.

— און ליעבען מוז מען?...

אסתר׳קע האט נישט פערענדיגט איהר פראגע, בע-מערקט, אז בערל שטעהט נעבען זײַן פענסטער און קוקט אויף זיי. א מאמענט האט זי געהאפט אויף זיך זײַן בליק, א רוהיג-דרינגענדעם, א קלער געמון, אז ער האט געהערט איהר לעצטע בעמערקונג און פערוויטעלט זיך, מביטל׳דיג נאאיווע אויסגעשריען:

— אט איז ער, בערל!...

בערל איז שוין געגאנגען זיי אנטקעגען, געשמייכעלט, ארויסגעזאגט אין טאן:

— אט בין איך, בערל. און צוגעגעבען: איהר האט פאר א נאכט געצווייפעלט שוין אין מײַן קומען?

— נײַן, — האט שוין אסתר׳קע שטיפעריש געענט-פערט: אהער, צו אונז זײַנט איהר שוין דאך לאנג געקומען, מיט חוה׳ן גלײַך.

בערל האט איצט געלאכט, גענומען אסתר׳קען און חוה׳ן פרײַנדליך-פרײַ פאר׳ן ארעם און געפיהרט זיי צו זיך אין צימער.

התמיש-אונאבהענגיג, ווי אלע מאל האט זיך שוין אסתר׳קע געפיהלט, גענומען זיך מאכען א סדר בײַ בערל׳ן אין צימער, א צײַט געפלאנירט וואו צו שטעלען יעדער קלײַניגקײַט, שטיפעריש געקריגט זיך מיט חוה׳ן איבער׳ן ארט פון יעדער שרײַב-געצײַג, יעדעם בוך און לסוף פער-עקשנ׳ט זיך שטעלען א קלײַנע צוויי-ארטיגע טאפע דוקא אין ווינקעל אין שאטען.

— פערליבטע האָבען ליעב זיצען אין שאָטען — האָט זי זיך אויסגערעדט, בעגעגענט חיה'ס פערצווייפעלטען בליק, פערשעמט זיך און געפאַלען פלוצים חיה'ן אויפ'ן האַלז, גענומען זי קושען, בעהאַלטען נאָכדעם איהר פערשעמטען געזיכט ביי יענער אויפ'ן אַקסעל.

— ביזט אַ משוגע'נע — האָט ווי אַלע מאָל, האַלבצאָרניג, האַלב-לאַכענד חיה איהר אויפגעוואָרפען. בערג איז געשטאַנען און געקוקט, געשמייכעלט ווי שטענדיג נאָר מיט בריגען פון די ליפען.

— ס'איז די שענסטע קליינשטעדטעלשע אונטיטעלבאַרקייט — האָט ער ענדליך אויסגערעדט ווי צוליעב זיך.

— אונמיטעלבאַרקייט?

זי האָט שוין אויף איהם שטומווייז געקוקט, אסתר'קע, פערוואונדערט געפרעגט:

— און ער איז, אַ פנים, אַזאַ ווי חיה, אַ געהיימניספולער?

— ניין, — האָט ער איהר שמייכלענד געענטפערט: געהיימניסען פערמאָגט זי, אסתרקע, מעהר פון חיה'ן. ס'ווירקען דאָך אין איהר אַזעלכע בעהאַלטענע פסיכאָלאָגישע פעדימלאַך, וועלכע צווינגען זי, אָהן איהר וויסען, טון, רעדען, וואָס זי וויל ניט אַפילו...

— ס'איז אַנ'אמת... אָבער כ'האָב פאָרט ניט ליעב קיין סודות, אין צו אַ מענשען — האָט אסתר'קע אַביסעל נאָכדענקענדיג צוגעגעבען: ווילט זיך מיר צוגעהן אַלע מאָל, ווי אַ קינד צו-אַ שפיגעל: ס'גלוסט זיך אַ קוק געבען וואָס מהוט זיך פון יענעם זייט, פון לינקען...

חיה און בערג האָבען שטאַרק געלאַכט איבער איהרע לעצטע ווערטער און אסתר'קע איז אינגעלש-שטיפעריש אנט-

לאַפּען פין ציבער, פון גאַס שײַן דורכ׳ן פענסטער שפּילעדיג אָנגעזאָגט, אַז זי איז בעליידיגט און אַז זי נעמט אַוועק

ערשט צו פאַרנאַכט-צו האָט זי זיך צוריק געקערט געטראָפען זײ ביידען זיצענדיג צוזאַמען אויף דער קלײנער סאָפע אין ווינקעל און שטיל צוגעזעצט זיך נעבען זײ אויפ׳ן פאָרלאָגע, געלעגט ווי זי האָט שטענדיג ליעב געהאַט, די קאָפּ בײַ חוה׳ן אויף די קניה.

— רעדט וועגען עפּעס — האָט זי זיך האַרציג שטיל געבעטען — כ׳וויל הערען, ווי איהר פערברענגט, ביידע זײַט איהר דאָך אַזעלכע ערנסטע...

— דו ביזט מאַקע אַ אומשטעלבאַרע — האָט חוה פערוואָלט איבער׳חזר׳ן בערג׳ס ווערטער, געגלעט אסתר׳קע ליעבליך די האָאר.

דאָך האָט זיך ביסלעכווײַז צווישען חוה׳ן און בערג׳ן ענטוויקעלט אַ שמועס, אַ בעזונדעראַרטיגער שמועס, פול מיט בין-השמשות׳דיגע רמזים, וועגען דער געהיימניספולער נאַטור פון דער פרוי, וועגען דער שווער-בעגרײַפבאַרער צוזאַמענמישונג אין איהר נשמה פון אמת און ליגען, לײדענשאַפט און אויסגערעכענהייט.

אסתר׳קע האָט זיך שטיל צוגעהערט, ווי זײ ביידע האָבען אַזוי ערנסט, געהיימניספול זיך געסוד׳עט אינ׳ם פאַרנאַכטיגען שווייגען. פון אומעטום זענען שוין דעמערונגס-שאָטענס אָנגעקומען, פערוועבט אַלין אַרום מיט זייער ממשות׳דיגער בעוועגליכקייט.

ס׳איז געווען שטיל. אַלע דרײַ האָבען געשוויגען, אינסטינקטיוו זיך נעהנטער צוזאַמענגעדריקט. אסתרקע האָט דערפיהלט בערג׳ס האַנד, וועלכע האָט זיך, ווי צופעליג, בײַ איהר אויפ׳ן קאָפּ געלעגט, ווי־אומגערען איהרע האָאר געגלעט. אַ מאָמענט האָט זי זיך צוגעהערט צו דער פער-

שאפענער אנגענעמקייט, פּלוצים נאכדעם אויפגעשטאנען און צום פענסטער אבגעגאנגען. עפּעס מאדנע א טראכט געגעבען, אז בערג האט בכיין איהרע האהר געזוכט. דורכ'ן אפענעם פענסטער האט זי געזעהן, ווי די נאכט האט זיך איבער'ן גאס געלעגט, און שטיל די שאטענס אלץ מעהר פערשווארצט, פערלענגערט, פונקט אנטקעגען איהר זייגען מיט אמאל איבער'ן וועג בערג'ס און חוה'ס שאטענס אויסגעוואקסען, נאהנטע, צוזאמענגעפלאכטענע...

אומבעמערקט האט אסתר'קע דעם צימער פערלאזען, צו זיך אהיים געגאנגען. מאדנע האט איהר דאס האר"ץ גענאגט, עפּעס גלאט אזוי, אהן א סבה געבענקט. דערפאר, קען זיין, ווייל דער סאמעט-בלאהער הימעל איז געווען איצט מיט זיך זעלבסט פערנומען, פערזונקען אין זיין אויסגעשפרייטע אונענדליכקייט; ווייל דער פונאנדערגעוואקסענער בוים נעבען זייער הויז, אונטער וועלכען זי איז א צייט געזעסען, איז געווען א פערטראגען-פערחלומ'טער, פון צייט צו צייט נאר עמיצען, א פרעמדען עפּעס שטיל, אינטים דערצעהלט...

## III

אין ווײַלדעל אויסער׳ן שטאָרט האָבען אסתר׳קע, חוה און בערל די הײַסע זומער־טעג פערבראַכט. בוימער הויכע זײַנען דאָרט געשטאַנען, טאַכנעם אײַנע־אין־אײַנע שלאַנקע, בכבוד׳ינע. בלײַבט אסתר׳קע אײַנע אַלײן, ווען בערל מיט חיה׳ן געהן אַוועק טיעף אין וואַלד, ניט זיך איהר אויס, אַז זײַ רײַדען, די בוימער, אויך אַזוי ווי נאָר־וואָס בערל, רוהיג זיבער, דערצעהלען מכח אַנ׳ערנסטען, אַ טיעפען ענין. ליגט זי אסתר׳קע און הערט זיך צו: „ער רעדט דאָך אַזוי שטענדיג, דער וואַלד, און דאָך ניט זיך אויס, אַז ער שווײַגט. אויך פונקט ווי בערל — איז איהר אַ געדאַנק אַ דורך — ער רעדט אויך אַזוי פיעל ווענען אַלץ און גיבען ניט זיך אויס, אַז ער איז אַ שווײַגער, ס׳דאַכט זיך שטענדיג, אַז ער טראָגט ווײַט אין נשמה אַ גרויסען, אַ טיעפען שווײַגען“...

אסתר׳קע וויל דאָס גוט אַרומקלערען, ווערט זי אָבער מיעד: זי האָט בכלל, פײַנד אַ סך טראַכטען... זי וועט בעסער שפּעטער אַלײן בײַ בערל׳ן אַ פרעגע טהון... דערצו לאָזט זיך שוין פון ווײַטען הערען חוה׳ס געלעכטער. ניט אנגענעם איז ער אסתר׳קען: אַמאָל פלעגט חוה לאַכען אַזוי

זעלטען, דאַכט זיך דערום, וואָס זי לאַכט איצט בלויז צוליב בערג׳ן, נים צוליב זיך, אַפילו... עפּיס אומעטיג ווערט דערפון אסתּר׳קען און זי פאַרלאָזט, אַמלענדיג, דעם וואַלד, נעמט, ווי זי גנב׳עט זיך, אַהין צום ברייטן פעלד.

אַ ליכטיגער הימעל איז דאָרטן, אַ טיעפער, אַ בלענדענדיגער. ס׳האָט זיך אַלץ די ליכטיגקייט אין דער הויך פאַרקליבען און רוהיג, זאָרגלאָז אויסגעצויגען זיך אין דער לענג און ברייט, אומענדליך־ווייט, אומענדליך־העל. אונטען האָט די ערד אויסגעשפּאַנט איהר וואַלד און פעלד, באַרג און טאָל, אָפּגעגעבען זיך דעם הימעלס ווינקען־שײַן: אָנגעוואָרבט, דאַכט זיך, אַ גרויסען שטח, איבערגעדרוקט באַלד אַהין דעם שאָטען אין גלײַך דעם ציטערען אויסגעשטעלט.

אסתּר׳קע האָט זיך אויך אויסגעקליבען אַן אָרט אין שאָטען. דאָרט וואו דער וואַלד האָט מיט אַ שאַרפען ווינ־קעל, ווי מיט אַ קניה, אײַנגעשפּאַרט זיך אין פאַרבײַ־לויפענ־דיגען טײַך. עטליכע בעריאָזקעס האָבען זיך דאָרט ווי אָפּ־געטײלט פונ׳ם וואַלד און ציגעגאַנגען נאָר נאָהענט, אַראָפּ־געלאָזען זייערע נידעריגע פינאַנדערגעוואַקסענע צווײַגען און אַרײַנגעקוקט מיט־ערנסט אין וואַסער אַרײַן.

אסתּר׳קע האָט אויך אין טײַך געקוקט. די וואַסער איז דאָרט אַ קלאָרע געווען, אַ גרינע, אַ גלאַנצענדיגע, ווי געפאַרבט גלאָז. טיעף אין זיך האָט זי פאַרבעהאַלטען די שאָטענס, און ס׳איז אויסגעקומען, אַז אין די טיעפעניש איז אויך פאַראַן אַ הימעל, אַ וואַלד, די פינאַנדערגעוואַקסענע ביימער — אַ גאַנצע וועלט אַ נים־היגע, אַ רוהיג־פערכישופ־טע, ווי פון אַ וואונדער־מעשׂה׳לע...

אויף דעם זעלבען אָרט האָט זי בערג שפּעטער גע־טראָפען, געקומען זאָגען איהר, אַז היה איז געגאַנגען אויסבאָדען זיך, געבעטען זי זאָלען אויף איהר וואַרטען.

— — איהר וועט אנטלאפען?

בערל האט אויסגעהערט און ניט געענטפערט. אנט־שוויגן געווארן. געזעצט זיך נעבען אברהמ'קען און איך ווי זי געקוקט אין וואסער אויף די מיעסע שאטענס.

זיי האבען ביידע געשוויגען. שוין פון א צייט, אז זיי האבען זיך געפיהלט אפהענגיג, ווען זיי פלעגען בלייבען אין צווייען. האט זיך אברהמ'קען געדאכט, אז מיט איהר האט שוין בערל ניט מעהר וואס צו רעדען. און דאך האט זי געפיהלט, מיט'ן מיעסען פרויען-אינסטינקט אינגאנצן גע־וואוסט, אז בערל האט הנאה, ווען זיי זיצען אזוי באנאנד. און ווען ער רעדט, האט זי אויך געוואוסט, אז ס'איז בלויז דערפאר, ווייל ער האט, גלייך ווי זי, טאקע מורא פאר'ן שווייגען, אויך האט ער מורא טאמער איז ער, שווייגענדיג, פאר איהר לחנייפליג...

רעדט שוין וועגען עפעס! — האט זי ענדליך, ווי פערדריסליך, אויסגעשריגען. באלד זיך אבער פונאנדער געלאכט, עפיס מאדנע זיך פארגעשטעלט, ווי זי זיצט, אזוי ווידיה, מיט בערל'ן נאהענט-נאהענט און זיי שווייגען ביידע...

— נו, גאר נישט, בערל, — האט זי געצאפלט בערי־הינגען זיין ערנסט-פערגעסענען בליק. ניט ווילענדיג אפגע־רוקט זיך אביסעל ווייטער פון איהם, שוין דייטליך געקלערט, אז עפיס א פרעמדס, א מיעסע מיסט איהר איצט זיין מיט בערל'ן היימליך-פריי ווי פריהער, שטערט איהר צוגעהן צו איהם מאקי נאהענט, נעמען איהם פאר דער האנט, — וואס זי וואלט אין דער מינוט באמת געוואלט.

זי האט זיך איינגעצויגען אויפ'ן גראז, געקוקט אין הימעל און געפיהלט, ווי איהר געוועהנליכע פריהליך-שטי־פערישע שטימונג קערט זיך צו איהר, פליסט, דאכט זיך,

פֿון דער ריינער טיפֿער הויך, פֿון דער אייביגער פֿונאַנ־
דערגעגאָסענער ליכטיקייט...

— בערג?

— וואָס?

— גאָרניט...

אסתּר׳קע האָט שוין לוסטיג געשפּילט זיך, דערמיט
שוין הנאה געהאַט דערפֿון, וואָס זי זאָגן נאָר אין צייטן
און וואָס זי קען פֿרעגן, קיינער זאָל אַ הערן זי ניט הערן,
אַ זאָג טאָן פּלוצים: „בערג!“...

— בערג!...

ער האָט זיך אָבער שוין ניט אָפּגערופֿן, נאָר אויפֿ־
געהויבן אויף איהר זיינע טיפֿע רוהיגע אויגן אין פֿער־
קעמ׳ט געשטעלט, ווי שטענדיג, מיט די קנייטשען פֿונ׳ם
שטערן, וואָס האָבן זיך אין די ווינקלען פֿונ׳ם מויל
פֿאַרבעהאַלטען.

ביי׳ל רעדען ערנסט — זי האָט־זיך נאָכגיביג
שוין געבעטן — ביי׳ל איך דערצעהלען, וואָס איך קלער
איצט, איהר ווייסט? — שטיל ווי בסוד האָט זי איהם
פֿערטרייסט: ביי׳ם שוין, ווען מיר איז אומעטיג און ווען
מיר איז פֿרעהליך, אַמאָל פֿלעגט מיר היה דאָס דאַרפֿען
בעמערקען...

בערג האָט ניט געענטפֿערט, פֿערקוקט זיך אין וואַ־
סער, פֿערטראַכט אַרומגענומען מיט איין האַנט אַ דערבייאיגע
נידעריגע צווייג פֿון אַ נאָהענטען בוים.

— ענטפֿער, בערג!...

אסתּר׳קע איז שוין געווען נעבען איהם און שטיפֿעריש
געצויגען איהם פֿאַר׳ן אַרבעל, געשאָקעלט גלייך מיט זיין האַנט
דעם גאַנצען בוים און געהיידעט איך די שאָטענס אויף דער
קלאָרער וואַסער. אריבערגעהאַנגען האָט זי זיך באַלד איבער

בערג׳ס אַקסעל און אומבאַשטערקט, צוטוליענדיג זיך צו איהם,
פערטיפט זיך גלײַך מיט איהם אַ ווײַלע אין טײַך: אַזוי
מאָדנע האָט זיך איצט דאָרטען די גאַנצע יענע פערכישופטע
וועלט בעוויזען — דער הימעל, דער וואַלד, די בעריאָזקעס
און צווישען אַלין איך מיט׳ע אייגענע אָפּגעשפּיגעלטע גע-
זיכטען, אַ פּאָר פערוואונדערטע פערליגענע פּנים׳ער, וואָס
האָבען אויסגעזעהן פון וואַסער פרעמד, אומבעקאַנט...
— איהר זענט דאָ? און איך זוך אייך שוין אַזוי
לאַנג...
היא איז געשטאַנען נעבען זיי אַ בייזע, אָנגעאויפגע-
רעגטע, אויסגעשראָקענע, וואָס זי האָבען איהר זיך ניט אָפּ-
גערופען ווענדיען זי שרײַט.
— מיר האָבען ביידע נאָר געקוקט אין וואַסער, —
האָט זיך אסתר׳קע נאַאיוו אַנטשולדיגט. און ס׳איז אויסגע-
קומען אַזוי קינדיש־מבולבלדיג, אַז בערג האָט זיך צעלאַכט
הויך, אויפ׳ן קול.
— איהר לאַכט?...
אַ בעליידיגטע האָט היא אַ וואָרף געטון אויף זיי
אַ פערדעכטיגען פלינקען בליק, פליצים אַ קער געטון
זיך און אוועקגעגאַנגען. ס׳איז געשטאַנען אַזאַ אומפער-
שטענדליכע שווערע פויזע, אַ דריקענדיגע שטילקייט, וואָס
אין איהר האָבען זיך נאָר איהרע בייזע ניבע טריט איבער׳ן
רוישענדיגען גראָז אַ צייט פון דער ווייטען געהערט...
— ברוגז געוואָרען... אוועקגעגאַנגען...
אסתר׳קע האָט פערלאָרען אויסגערעדט, געבליבען
אָבער זיצען, ווי בערג, אויף איהר אָרט; עפּיס נאָר ניט
ווילענדיג אַ טראַכט געגעבען, אַז בײַ היא׳ן ווערען אַזעלכע
ניט קיין שעהנע, גלאַנצענדיגע אויגען, בעת זי איז אין כעס...
ס׳איז געוואָרען אומעטיג. פון ווײַטען האָריזאָנט האָט

אַלע פּחות, עפּיס ווי אַ קינד זיך פֿאַרגעשטעלט, אַז ס'איז אַ סכּנה איהם איצט אַרײַנפֿאַלן אין די הענט, בײַ'אַדיג גע־פֿערלעך...

בײַדע מיידלעך האָבען זיך ענדלעך אָפּגעשטעלט. זי האָט זיך נאָר געשעמט, וואָס בײַ איהר פּלאַצט אַזוי דאָס געזיכט און ס'אָטעמט הייך, שטאַרק די בריסט. אָפּגעקערט זיך און געוואַרט, אַז זי וויל גייען זיך איבערבאַדן.

— ס'דאַרף ניט, איהר וועט זיך פֿערקיהלן — האָט זי בערג געוואָרנט און זײַן קול האָט דורכגעקלונגען אַזוי צאַרט־ליעבליך.

— איהר ווערט איצט פּונקט ווי אַ מאַמע — האָט איהם שוין ווידער פֿון ווײַטן אסתּר'קע, לאַכענדיג, אַ וואָרף געטון און איז פֿערשוואונדן אין'ם פּונאַנדערגעשפּרייטן אומעטום געדיכטן בין־השמשות.

פֿליגק האָט אסתּר'קע אַראָפּגעוואָרפֿן פֿון זיך די קליידער, עפּיס ווי געטריבן האָט זי דער געדאַנק, וואָס בערג ווייסט, אַז זי טוט זיך אויס איצט. אַ נאַקעטע איז זי גלײַך אין וואַסער אַרײַן, שנעל זיך אָפּגעבוקט, אָפּגע־בענדיג זיך דעם מחיה'דיג־קיהלען שטראָם.

אַ געשווינד ווינטעל האָט בעוועגט. געטריבן איבער'ן וואַסער שווערע שאָטענס, וואָס די אַרו־מיגע בוימער, די בערגען פֿון בײַדע האָבען פֿון זיך איצט אָפּגעוואָרפֿען. און ס'איז אויסגעקומען גלײַך ווי אַ מחנה פֿאַנטאַסטישע נאַכט־בעשעפֿענישען וואָלטען זיך פּונאַנדער־געשוויאָמען, אומגעפּויזעט אַרײַנגעוואָטן איבער'ן טײַך. און עפּיס אַנגענעם איז געווען אסתּר'קען דערפֿון, וואָס די שוואַר־צע פֿלעקען, וואָס פֿאַר זיי האָט זי קינדיש מורא געהאַט, האָבען זיך יעדעס מאָל ווי אונטערגעגנב'עט און ווי מיט געוואַלד געגליטשט זי, ווי אויך דערפֿון, וואָס בערג, האָט זי

געפֿילט, קיין דאָרט, אַ שמאָלער טראָטן מיט דעם, וואָס זי באַרט זיך איצט. דעם ערשטן מאָל אין לעבן האָט זיך אסתּר׳קע געפֿילט בייאַבזייניג נאַקעט, מיט געשעמט זיך און הנאה געהאַט...

געשווינד האָט זי זיך נאָכדעם אָנגעטון און, אַ דער־פֿרישטע, דאַנקבאַר געזען בערג׳ן פֿאַר׳ן פֿעטער׳ל, וואָס ער האָט וואַרטענדיג אויף איר פֿונאַנדערגעלייגט. אַ פֿרישע, אַ שיינע איז זי געזעסן נאָהענט נעבן בערג׳ן, אײַנטונקענדיק שוין בלינד הנאה געהאַט פֿון יענער בעסונדער־אָנגענעמער וואַרעמקייט, וואָס פֿליסט פֿון אַ לעבעדיגן קערפּער.

ס׳האָט געהערשט די נאַכט. דער הימעל האָט אַרויס־געשטעלט זיינע מיליאָנען שטערנדליך און אַ טיפֿער, אַ שייַנענדיגער געוואָרט אויף דער לבנה. ווייט אויפֿ׳ן באַרג איבער׳ן טײַך, וואו די שטאָרט איז געשטאַנען, האָט עמיצער אומבעמערקט געצונדען אַ פֿײַער׳ל נאָך אַ פֿײַער׳ל. האָ־בען זיך בײַ אסתּר׳קען אין מח, אין נשמה אויך געצונדען קלייניקע דרינגענדיגע פֿלאַמען, וואָס האָבן ווילע־ווייז אויפֿגעפֿלאַמט און אויסגעלאָשן זיך, פֿערשוואונדן ווי די פֿונקען פֿונ׳ם פֿונאַנדערגעלײַכטן נעבן דיי פֿלאַקער...

בערג האָט איצט גערעדט. פֿריי, אָפּענהאַרציג האָט ער איהר געזאָגט, אַז זי איז אַ שיינע און, אַז צו דער שיינקייט פֿילט ער אַ טיפֿן אַ ברענענדיגן יראת הכבוד, מחמת זי איז די האַרמאָניע פֿון דער נאַטור, איהר נשמה...

- און ליעבע?...

אסתּר׳קע האָט איצט נאָך אַמאָל געשטעלט די פֿראַגע, אָבער שוין הײמליך, בעגלויבט.

— ליעבע? ליעבע איז לויט זיין מיינונג, די פּאָעזיע, די קונסט פֿון יעדען מענשען. די נאַטור האָט ניט געקענט מאַכען אַלעמען פֿאַר שעפֿער, אַלעמען האָט זי אָבער דער־

פאר געגעבען די מעגליכקייט צו לעבען; ווען ניט די
ליעבע וואלטען די קינסטלער, אפשר, בלייבען עלענדע, ניט
פערשטאנענע, קיינער וואלט ניט בעגריפען זייער שאפען...

ביי דער גאנצער נשמה, ווי אלע מאל, נייגעריג
פערנאפט האט אסתר'קע געהערט בערג'ס ווערטער, און ער
האט פארגעזעצט:

— און כ'האב ליעב די ליעבע. כ'האב ליעב איהר
אויבינג דארשטיגען שטרעבען, איהרע אימפולסען און איבער־
לעבונגען, וואס זיינען קאסמיש פערבונדען מיט דער גאנ־
צער וועלט־שאפונג. און כ'האב ליעב די שעהנקייט —
האט ער שוין געפליסטערט שטיל, ווי פאר זיך—ווייל, אז
געגנליך, בעדארף מען זי בעזונדער ניט ליעבען, זי געהערט,
קען זיין, אלעמען, און דער וואס פערמאגט זי, מאר, אפשר,
ניט רייבען די הייליגע גליקליכע מעגליכקייט ביי קיינעם
ניט דורשטיגער נשמה...

מונקעל, ניט גאר מונטער, האבען אסתר'קען גע־
קלונגען בערג'ס לעצטע ווערטער. זי האט אבער ניט גע־
וואלט איבערפרעגען, עפיס האבען זיי זי געדענקט דיקא מיט
זייער אויספערשטענדליכקייט, געוועבט אין איהר א גאר וואס
דערייאבטען, א טיעף גלעטענדיגען פערלאנג.

ס'איז שוין שפעט געווען. די לבנה איז מיט א מאל
פון הינטער'ן וואלד דערשיינען און גלייך ארומגענומען די
געגענד מיט איהרע זילבערנע ארעמס; מיט די לאנגע
שטראהלענדיגע פינגער די פעלדער, דעם וואלד, דעם טייך
געגלעט.

בערג מיט אסתר'קען האבען געאיילט אהיים. אין
שטעדט'ל האבען זיך שוין אנגעצונדען געלאשען די פענצ־
לעך, גלייך ווי עמיצער וואלט זיי איינע נאך איינע דורך
פערבעהאלטענע פערזימלעך אראפגעציינען. צו אסתר'קען

האָט זיך איהר פרעהליכע שטימונג געקערט. זי האָט ווי־
דער שוין הויך גערעדט, געשריגן, צוגעהערט זיך צו איהר
קול האָט דער מאַן, דער יאָלד אַזוי שטיפעריש געקריצט,
געשלונגען.

נעבען זייער הויז, ווען בערג איז אָפּגעגאַנגען, האָט
זיך איהר פּלוצלונג א לעצטען מאָל אויסגעריסן:

— בערג!

מיטעלס־וועגענדיג האָט דורכגעקלונגען דער רוף.

און ס'האָט דורכגעהילכט איבער דעם שלאָפענדיגען
שטעטעל, אריבערגעקײַקלט זיך איבער'ן טאָל, ווײַט פאַר־
זונקען אין עק־וועלט:

— בערג!...

IV

א פּאָר טעג איז בערל בײַ זיך אין צימער געזעסן פֿאַרגראָבן. ערשט האָט ער זיך געקליבן ענטפֿערן אויף לאַנג שוין אָנגעקומענע בריוו און נאָר אומגעשפּאַצירט די גאַנצע צײַט שיִער איבערן חדר. געשפּאַנט האָט ער איצט מיט מידע, לאַנגזאַמע טריט, גלײַך ווי געשלעפּט נאָך זיך אַנ'אַלטען רעדשמענדיקן נעראַנק, אַזאַ פֿערגליווערטן און פֿאַרפּלאָנטערטן. אַזוי אַרומשפּאַנענדיק אין צימער, פֿלעגן אים צעמענגערײַען אַרײַן אין קאָפּ, אַז איבערגעלעבט, האָט ער שוין ניט וואָס צו ענטפֿערן אויף יענע פֿרעמדע, ניט נויטיקע איהם איצט בריוו. ס'איז מיט איהם געווען אַזוי יעדער מאָל, ווען ער האָט אין זײַן וואַנדלען געביטן דאָס אָרט און די שטימונג. געדאַכט האָט זיך איהם דעמאָלט, אַז זײַן לעבן באַשטעהט פֿון פֿונאַנדערגעריסענע אײנזאַמע שטריכן, פֿון עלענדע געשעהעניסן, וואָס ער בינדט צונויף זיי נאָר דורכן זכרון. ווײַל ער, בערל, געדענקט, אַז זיי האָבען מיט איהם פּאַסירט. אָבער וויסן ווייסט ער ניט, וואָס פֿאַר א שײַכות זיי האָבען, בעצם, צו איהם, צום איצטיקן בערל, וואָס האָט אין דער מינוט, דאַכט זיך, זײַנע נאָר אייגענע איבערלעבונגען, נאָר אַנדערע געשעהעניסן...

„אָט איצט, אַפֿילו, — האָט ער שוין קאָנקרעט גע-

טראַכט — פֿילט ער דען ניט, ווי ער טרעט אַף יעדער פֿוס'ס אָנגעצייכנטע, אַקאָרשט מעגליך־געזעצענעם וועג און ציהט זיך צו אַ נייעם ציל, צו אַ נייער שעהנקייט, וואָס האָט איהם מיט איהר גאַנצען גלאַנץ אַ שיין געטון. יאָ, ער, בערל, ווייסט שוין, פֿילט שוין אַז דער פּראָצעס קומט־פֿאָר אָהן זיין אָבזיכט ערגיץ טיעף אין נשמה, און ס'איז איהם איצט שווער, ווי אַלע מאָל, גאָר דערפֿאַר, ווייל ער קען ניט האַפּען, ווי אַזוי קומט ער פֿאָר, אָט דער פּראָצעס; אָבער שפּעטער, ווען אַלץ וועט שוין זיין אָפּגעטון, וועט ער, בערל, ווערען גאָר אַן אַנדערער, אַ נייער און שוין גלויב־בען, אַז ס'איז געווען אַ מיה, אַ פּועל יוצא פֿון פֿריעמדע גרתּליבע סבות, וואָס אין זיי איז ער, דער נייער, גאָר ניט שולדיג.

ער איז צו צום פֿענסטער, געקוקט אַ צייט גלאָט אַזוי אויף דער בלאָהער ווייטקייט, וואו ס'האָט זיך אויפ'ן האָריזאָנט פֿערזונקט אין אַ ווינקעל דאָס גרינע אויסען־שטאַרבינע וועלד'ל.

און הורב'ן תהום פֿון זיינע אויפֿגערעגטע מחשבות האָט ער שוין דערקענט אין זיך יענע אינטימע בענקשאַפֿט נאָך דער נאַטור, וואָס פֿערהאַפֿט איהם יעדער מאָל, ווען ס'קומט צו איהם צו נאַכט, ווי ער זאָגט, דאָס זיס־נאָגענדיגע געפֿיהל, וואָס ער, בערל, רופֿט עס „דער אַראָמאַט פֿון דער ליעבע"...

אָט ווער איז שולדיג. דאָס געהיים־פֿערקלערטע, פֿאַר־נעבעלטע וועלד'ל, די שוועבענדיגע דאָ און דאָרט פֿוכינע טרוימערישע וואָלקענדלעך — די גאַנצע נאַטור מיט איהרע בענקענדיגע, רופֿענדיגע פֿאַרבען. און ווייל ער ווייסט, בערל, אַז זיי, די וואָלקענדלעך, דאָס וועלד'ל זיינען דאָ אויף דער וועלט שטענדיגע, אויביגע, קען זיין, און ער איז גאָר אַ

גאסט, א דורכגעהער — גליסט זיך איהם דאס אזוי יעדער מאל צונויפגיסען זיך מיט זיי, יעדער מאל איבער א נייעם בעהעפטען זיך מיט זייער אייביגקייט... און אט ווייסט ער שוין טאקי די רעדלאגען, ארומברייטערנגען מיטע און נשמה זייערע ליידענשאפטליך-קלעסטענדיגע שטריכען, די מינד טטע פארבען, — ס'איז דירך איהר איצט — דורך אסתר'קען...

איבערגעריסען האט בערל זיינע געדאנקען, בעמערקט אז פון דער וויטען גענעהענט זיך חיה. איז ער פון פענסטער אפגעטרעטען און, ניט וויסענדיג צוליעב וואס, מיט א פלינקער בעוועגונג געזעצט זיך צום שרייב-טיש, גענומען עפיס צייכענען אויפ'ן צונויפגעלייגטע פאפיר, בעת חיה איז אין צימער אריין.

— אהה, חיה?

די פערוואונדערט האט ער א פרעג געטון, באלד אבער אייפגעשטאנען, איהר אנטקעגען געגאנגען און געאיילט צוגעגעבען:

— כ'האב אייך פון פענסטער געזעהן.

חיה האט געשוויגען, געזעצט זיך שטיל אויף איהר געוועהנליכען ארט אויפ'ן סאפע אין ווינקעל.

און בערל האט גענומען ווידער אומשפאצירען איבער'ן חדר, פערטראגען זיך לכתחילה אין א זייטיגען געדאנק, נאכדעם דערמאנט זיך, אז ער האט חיה'ן פון לאנג ניט געזעהן, זינט זי האט איהם מיט אסתר'קען, ברוגז ווערענדיג אויף זיי, אליין אין וואלד איבערגעלאזען. האט ער אויף איהר א נייגעריגען בליק איצט געווארפען. ארייף איז איהם אויפ'ן זינען פלוצים, אז יעדער מאל, ווען ער ווערט גלייכגילטיג צו עמיצען, ניט זיך איהם אויס, אז ס'בייטען זיך ביי יענעם דאס געזיכט, דער גאנצער אויסזעהן, וואס ווערען איהם מיט א מאל אזוי פרעמד, אומבעקענט...

בײדען, בעדײַטענדיגען געשפּרעך. דערפיהלט האט דאס ניט בערג, דערפיהלט האט דאס, א פנים, איך אסתר׳קע, וואָרים די איז א פערשעמטע און שטיל אנטלאָפען, אנזאָגענדיג, אז בערג זאָל איך איהר וואַרטען, אז זי וויל מיט איהם צים טײַך געהן אויף א שיפעל פאָהרען.

— מיר וועלען אַרײַנגעהן מינוטען הײַנט, — האט אסתר׳קע, ארויסגעהענדיג, ניט נאר זיבער, פאַרגעלײַגט. באַלד עפּיס בעמערקט אין בערג׳ס אײַנגעשפּאַרטען שווײַגען און שוין, ווי אויף צו להכעיס עמיצען, א פערעקשנ׳טע, זי איהר שטײַגער, געלאָזט זיך אײַלענדיג געהן א פריהער צו היה׳ס וואוינונג.

— אָבער היה וועט ניט געהן.

האט זי קינדיש געלאַכט, אסתר׳קע, געזאָגט, אז זי וועט דערצעהלען היה׳ן מכח דעם, וואָס בערג זאָגט, אז זי וועט מיט זיי ניט געהן.

און א פערוואונדערטע און באַלײדיגטע איז זי אַנטשווינען געוואָרען, ווען היה האט זי קאַלט איבערגעהערט און א זאָג געטאָן:

— ב׳וועל דיקא געהן.

אלע דרײַ האָבען זיך אין וועג געשווײַגען. אסתר׳קע איז אין א זײַט געגאַנגען, אַלײן זיך, א פערטײַנטע אין איהר שווערען באַלײדיגטען געפיהל, ניט געהערט אפילו, ווען היה האט שפּעטער, ווײַזענדיג אויף די וואָלקענס. וואָס זענען איבען הארוואָנט פלינק געוואַקסען, געזאָגט, אז ס׳וועט א שטורם זײַן און אז מ׳דאַרף אהײם זיך אומקעהרען.

— אסתר׳קע, מיר געהן צוריק, — האט חיה בעשלאָסען, ווען זיי האָבען צום וואַסער זיך דערנעהענט, דערזעהן, אז דער טײַך איז א בייזער, א דראָהענדיגער געוואָרען, ווי אונ-

אין גיבן איהר קינדיש־אומגעראַכטע הילף. ווי פאַראַכטינגט האָט ער זיך מיט דער שטרענגער פינסטערניש...

בערל האָט, אָפּלענדיג, מיט אַלע כּחות מיט די רודערס געאַרבעט, דאָס שיפעל אין ברעג אַרײַנגעשטופּט און אסתרקען אַרויסגעהאָלפען.

— איהר זעהט, בערל, איך האָב אויך ניט געציטערט...

מיט טרערן נאָך אין שטים האָט זי ווי פאַרטרויט איהם איהרע אַ אינטימע איבערלעבונג.

— פאַרוואָס, אסתרקע, צילעט וואָס?

— גאָרניט, בערל, די מאַמע זאָגט, אַז מיינע טרערן זענען ווי א רעגען, גיסען זיך אויס און ווערט נאָכדעם גרינגער.

האָט ער, דאָכט זיך, ווי געזעהן פאַר זיך אין דער פינסטער איהר שעהן שפּילענדיג געזיכט, א קינדיש־אויסגעלאַכטערט איצט נאָך די נאָר־וואָס פאַרשוואונדענע טרערן.

— קומט גיכער, אסתרקע.

גענומען האָט ער זי ליעבליך אונטערן אָרעם, גע־האָלפען איהר געהן, געהאָלפען איהר קעמפען מיטן שווערן פונאַנדערגעשפּילטען שטורם. אויך צאָרניג איז דער דונער גלײַך איבער יעדע קעפּ אומגעפאָהרען און די פונאַנדער־געלאָזטע פינסטערניש האָט פונ'ם שוואַרצען אַפּגרונד איצט א מבול געגאָסען.

— עפּיס ניט זיך מיר אויס, בערל, אַז מיר זענען נאָר אין צווייען אויף דער וועלט אין גאָר ערגיץ ווײַט, ווײַט...

נאָך שפּעטער, נאָהענטער האָט ער זי צו זיך געדריקט, ווי געוואָלט זי אויפהויבען, אויעקטראָגען, בעשיצען פונ'ם אַרומיגען דראַנג.

V

און זי האָט זיך גאָר פֿערקילט, אסתּר׳קע.

לאַנגע, שווערע טעג און נעכט זײַנען דאָס געווען, ווען זי האָט זיך געראַנגלט מיטן טויט, אָנגעשטרענגט אַלע איהרע יונגע פֿרישע כּחות און גובֿר געווען די סכּנה־דיגע קרענק, וואָס זי האָט אין יענער נאַכט אַרײַנגעכאַפּט.

מוראדיג־שרעקליכע מינוטען, ווען אין נשמה האָט געצאַפּעלט א לעצטער אָנגעשטרענגטער האָפֿנונגס־פֿונק. עמיצער האָט אין א ווינקעל טייב געוויינט און אסתּר׳קע האָט צוגערופֿען די מוטער און מיט דער לעצטער לײַדענשאַפֿטליכקײַט איהר א סוד אַרײַנגערוימט:

— מאַמע, כ׳וויל לעבען...

האָט זי געבעטען, אסתּר׳קע, אַז אַרום איהר זאָל זײַן פֿרעהליך: זאָל די זון שײַנען דורך די אָנטפּלעקטע פֿענסטער, גיסען שטראַהלען אויף די שנײַ־ווײַסע דעקען און פֿאָרהאַנגען און מענשען זאָלען אַרומגעהן נעבען איהר מונטערע, ווי זי, מיט שטראַהלענדיגע געזיכטער.

און מענשען האָבען שוין געגלייבט, אַז זי וועט געזונט ווערען, זי מוז לעבען — אַזוי לחלוטין אונמעגליך איז

געווען דער געדאַנק, אַז די פֿריילעכע שעהנקייט וועט ניט זיין מעהר, אַז ס׳וועט איר אייביג ווערן נעלם ווערן, אָפּשטאַרבען דער שפּילענדיגער ליבער חן, די ציִהענדיגע לוסטיגע פֿרייליכקייט...

איז אסתר׳קע געבליבען לעבען. אַנאַלטע מומע האָט איינמאָל איהר גלייך אין די אויגען אַריינגעקוקט און געזאָגט: „זי וועט זיין אַ חנע׳. און אַלע האָבען שוין דערזעהן איהר ליבער שטראַהלענדיגען בליק, וואָס האָט אַרומגענומען אַזוי רוהיג אַלץ אַרום, געגלייבט, אַז אַלץ וועט איהם געהערען, פֿון אַלץ וועט ער קענען הנאה האָבען...

שלאָף איז נאָך אסתר׳קע געגאַנגען איצט. אַ בלאַסע אין בעט נאָך געלעגען, אָבער געפֿיהלט שוין דעם פֿליסענדיגען חיות שטראָם פֿון די וואַקסענדיגע כחות, געצויגען זיך, געבונדען צו יעדער ערשיינונג, וואָס האָט יונגען גע-זינט געווען, יונגען לעבען אין צוקונפֿט.

אַ זוניגער שטראַהל איז דורך די פֿערמאַכטע איצט לאַדען דורכגעדרונגען, געקומען שעמעוודיג, ווי בגניבה, זי געוואָהר ווערען. אסתר׳קע האָט איהר איהם געקוקט. אַ גאָל-דענער איז ער געווען און אַ ליידענשאַפֿטליכער: פֿון גאָלד און ליידענשאַפֿטען האָבען זיך דאָך ביי איהר איצט אַלע מחשבות געוועבט.

פֿלינק דורכפֿליהענדיגע מאָמענטען, שטימונגען און פֿער-לאַנגען, פֿערגאַנגענע און איצטיגע האָבען שטראַהלענדיג זיך צוזאַמענגעפֿלאָכטען, אין געוועקט אין איהר, איצט פֿריש-אַנטפּלעקטער נשמה, אַ אינטימען צימער פֿאַר דער נאָהענטער צוקונפֿט, פֿאַר פֿערזיכערטען שיין לעבען. און ס׳האָט זיך גליק געוואָלט, די זיגענדיגע יוגענד האָט פֿערגעניגען גע-פֿאָדערט...

זי האָט אין זיך דערפֿיהלט אַזאַ וואַקסענדיגען כח פֿון

יונגער און שעהנקייט, אז ס'האט זי בעהערשט א מין דור־שטיגער פערלאנג אלעמען, די גאנצע וועלט, מיט דעם כח צו בעגליקען. „די שעהנקייט דארף אפשר אלעמען גע־הערען" — האט זי זיך מיט אמאל דערמאנט בערג'ס ווערטער.

אסתר'קע האט איצט עפיס פלוצים פערשטאנען אזוי שארף דעם אמת'ען זין פון אט די ווערטער, דערפיהלט, אז זיי האבען אזא נאהענטע, אינטימע שייכות צו דעם, וואס ס'קומט־פאר ביי איהר אין נשמה, צו די וואקסענדיגע אין איהר נייע שטימונגען, פערלאנגען. דמלך האט זיך איהר געקלערט שיין, אז זי האט בערג'ן ליעב, אדער זי וואלט איהם ליעבען, ווען ניט חוה, און אפשר נאך איינעם, פער־גנב'עט זיך איהר א געדאנק, וועט זי ליעבען, ס'קען דאך קומען אויך א צווייטער און א דריטער... „די שעהנקייט דארף דאך אפשר אלעמען געהערען"... און וואו איז יענע גרויסע ליעבע, וואס פון איהר שרייבט מען אין ביכער, און שטענדיג רעדט חוה?...

אסתר'קע האט זיך פערטראכט. ניט בעמערקט, אז בערג איז ארויין, פערנומען זיין ארט נעבען איהר אויף א שטול. ניט געוואונדערט האט זי זיך, ווען זי האט איהם דערזעהן, עפיס געוואוסט, אז די לעצטע צייט קומט ער אלע מאל, ווען זי טראכט מכח איהם.

— בערג, איך וועל, א פנים, קיינמאל ניט קענען באמת ליעבען — האט זי איהם גלייך ארויסגעזאגט איהר געדאנק. — ווייל אמת'ע ליעבע דארף מען קענען נור טיעף ארומטראכטען, פונאנדערקלערען זיך, ווי חוה, און אז איך הויב אן קלערען, ווער איך עפיס ווי א פרעמדע זיך אליין...

א וויילע האט זי געשוויגען, נאכדעם צוגעגעבען:

— אין די נעפעהרליכסטע מינוטען פון מיין שלאפ־

— „אפשר?! בערל, בײַ אײַך בײַ אַלעמען איז, װי
בײַ הזהן, אַלץ „אפשר“, אָבער בײַ מײַן נאַרן גליק, דאַרף
דאָך עפּעס זײַן געװיס, אָהן ספקות?...

אסתּרקע האָט געמאַכט אַ פֿאַרצװײפֿעלטע באַװעגונג,
לײַדנשאַפֿטלעך־האַסטיג פֿאַרװאָרפֿן די הענט הינטער'ן
האַלז און אַ צײַט געטאָן זיך מיט'ן גאַנצן גוף, גלײַך װי
אָפּגעגעבן זיך דעם געדאַנק, װאָס האָט איהר אַ בריען
געטאָן אין מוח, אײדער מיט פֿאַרב און געװיכט, איהם געװױ־
טעלט אױף שטענדיג צאַרט.

אַרומגענומען האָט זי בערל מיט זײַן לײַבענדיג־נבֿיא
לענדיגען בליק, גאַרנישט געענטפֿערט, װי פֿאַרטיפֿט זיך,
אַרײַנגעדרינגען אין די איבערלעבונגען פֿון איהר העלױאַכטער
פֿרױען־נשמה. ס'האָט זיך דאַרט, קענטיג, עפּעס שױן באַשטימ־
טעס, רעגענדעס געװעבט...

צופֿעליג איז זײַן בליק געפֿאַלען אױף איהר, דורך
דער האַסטיגער באַװעגונג, אַנטבלױזטער האַרץ, אַ שטיקעל לײַב
האָט זיך דאָרט אַנטפּלעקט און װי צוגעצױגען צו זיך דעם
װױנען־שטראַל, װאָס האָט דורכ'ן לאַדען־שפּאַלט, אַ בליט־
ראױער מיט'ן מיטעלס צאַרטען נאַקעט געשפּילט זיך...

און אסתּרקע האָט אינסטינקטיװ געפֿיהלט אױף זיך
בערל'ס בליק און ס'האָט זי שױן ניט געאַרט, װי ניט געאַרט
האָט זי שפּעטער, װען ער האָט, הײַדענדיג מיט איהר, גע־
האַלטען איהר אָרעם, געװאָלט װי אומגערן גלעטען איהם
װײַט אינטערן פֿרײַען אַרבעל. געבליצט נאָר האָט אין
איהר אַ שפּילענדיג־לײַכטער געדאַנק, װאָס בערל איז דאָך
אױא ערנסטער און אַז עפּעס קיטעט פֿאַר אַלץ אױף מאָרגע...

יענע נאַכט האָט בײַ איהר חיה גענעכטיגט. פֿערװעסטן
האָבען זײ זיך שפּעט אין אײנעם און עפּעס פֿערגלוסט, אױף
װי אַמאָל, אָפּגעבען זיך אַ נאָהענטע, אינטימע חבר־געפֿיהל.

טויב געהילטע חיה׳ס שעפטשען, לײדענשאפטליך זיך איבער־געגעבען אסתר׳קען, יעלטע איז מיט איהר צוזאמען אין בעט געלעגען — און ס׳קען זײן, — האט זי זיך שטיל געקלאגט, — אז איך האב ניט, ווי בערל זאגט, דעם טאלענט צו ליעבען: ווען מען ווײל די ליעבע נעמען, דארף מען קענען איהר אויך געבען. און איך בעציה מיך, ס׳קען זײן, צו ערנסט, צו גריבלענדיג צו מײנע טיעפסטע איבערלעבונגען. א קנעכט בין איך פון מײן מײדעלשאפט, מײן אונשולדיגקײט האט זיך מיר טיעף אין בעוואוסטזײן, אין נשמה אײנגע־געסען. אזעלכע ווי איך, קען זײן, קענען קײנמאל ניט נעמען זײער גרויסען גליק, בלײבען אפט בײ זײער אײביגער מײדעלשאפט...

צי עפיס האט זי זיך צוגעהערט, אסתר׳קע, צו דער שטומער שטילקײט. א פנים, וואס איז געווען איצט ווי אנ־געפילט, אנגעזאפט מיט חיה׳ס לײדענשאפטליכען אטעם. האט זי אײנגענורעט איהר קאפ בײ חיה׳ן אויפ׳ן ברוסט און דערפילט מיט אמאל א נײע, א מאדנע, א קערפערליכע ווארימקײט, נאך פעסטער צוגעטוליעט זיך, צוגעהערט זיך שוין מיט א מין אנגענעמער נײגעריגקײט צו איהר אײגענעם אינטימען ציטער, און ס׳האט זיך איהר איצט פון עפיס אזוי שטארק ווײנען געוואלט...

---

## VI

סוף-זומערדיגע בטורנע טעג.

אסתר'קען האט אנ'אונרוה געריגט. נאָכדעם ווי זי איז פון גע'ליגנער איפגעשטאנען, האט זיך איהר ווגען-ליכט גענאַרט. עפּיס האט איצט בײַ איהר אין נשמה געאירט, געוועבט זיך...

אט זיצט זי און קיקט אין פענסטער, יוארט אומגעדולדיג אויף היה'ן מיט בערג'ן, זי דארף געהן מיט זיי צוזאמען בעגלײַטען היה'ן צום פארנאכטיגען צוג, מיט וועלכען יענע מוז אויף א פּאר טעג אפּפאָהרען.

די לעצטע צײַט האט אסתר'קע זעלטען געזעהן בערג'ן, בבין אויסגעמיידט בעגעגענען איהם. און פערדרימליך שטענדיג געטראכט, אז זי מוט דאס, בעצט, קענען איהר אײַגענעם ווילען. ס'זײַנען געווען דאך מינוטען, אזעלכע ווי איצטער, ווען ס'האט זי געצויגען צו איהם, געגאַרט האט זי זעהען איהם, ריידען מיט איהם, דערצעהלען, אז זי וויל איהם זעהן...

— מאמע! — האט זי איצט אלײַן מיט זיך ניט געקענט געוועלטיגען, צוגעלאפען צו דער מוטער, געלײַגט

איהר די קאפ אויף די קניה און דערצעהלט איהר, אז ס'זיי-
נען פאראן אזעלכע וואוילע טיפע מענשען, וועלכע מע-
מוז ליעב האבען, — מאמע מען מוז ליעב האבען!...

— האט זי זיך שוין געפרעהט איהר איגענער המצאה, בעת די מוטער האט הימעל־ליעבליך געשאקעלט מיט'ן קאפ, גע-
זאגט, אז זי פערשטעהט, אז אסתר'קע האט ליעב חיה'ן, — אבער — האט זי געווארענט — א מענש דארף לעבען מיט איגענעם שכל און זי, אסתר'קע, פאלגט שוין צופיעל איהר חברטע.

— מאמע, כ'וועל ניט פאהרען אויף קורסען, כ'וועל חיה'ן ניט פאלגען!...

אסתר'קעס געלעכטער האט שוין פרעהליך געהילכט, געטראגען זיך פון צימערן חדר, בעת בעדע מיט חיה'ן זיינען געקומען נעמען זי געהן צום באהן.

פארנאכט. מיט אמאל איז די זון ארויס אויפ'ן ברעג האריזאנט, בעפרייט זיך פון אונטער'ן טונקעלען שטעפען הימעל און פון אימפעט ברייט צעשייאטען מיט רויטע פאסען איבער'ן גאנצען ראנד. פונקט אנטקעגען, אין מזרח זייט, האט שוין עכינצער פארזיכטיג אויפגעדעקט א שטיקל בלאה־ריינעם הימעל, ווי א פרוב געטון זיך, און געמוזט שוין דרייסט, געשווינד ציהען ארויף דעם מילך־גראהע פארהאנג, צונויפגעלייגט איהם לסוף נאר אין א פאר טונקעלע פאלדען אויפ'ן ארט, וואו די זון איז שוין געווען פערגאנגען.

ווען דער צוג, וואס מיט איהם איז חיה אפגעפאהרען, האט צום לעצטען מאל געגעבען זיך א שלענגעל פון דער ווייטען און פערפאלען געווארען אין א קוים־מערקבארען ווענדל — איז פאר אסתר'קען מיט בערג'ן ווי פלוצים

אויסגעוואַקסן א ברייט אָפֿענער שטח, א פֿאַרגאָסענער מיט'ן העל־בלאַסן שײַן פֿון א סוף־זומערדיקן אָווענט.

— אַז א צוג פֿאָרט אָפּ ווערט מיר אומעטיק, פּוסט אין האַרצן — האָט אסתּר'קע באַמערקט — ס'קומען מיר פֿאָר די פֿרעמדע מענטשן, וואָס פֿאָרן דורך פֿאַרבײַ, די פֿרעמדע אומבאַקאַנטע נשמות, וועלטן, גליקן און לײַדן, וואָס פֿון זיי וועל איך קיינמאָל ניט וויסן. און זיי, די מענטשן, טראָגן זיך דורך און טראַכטן גאָר ניט פֿון מיר, וויסן ניט אַז איך לעב, אַפֿילו... קומט! — האָט זי גענומען בערל'ן פֿאַר דער האַנט. פֿאַרגלוסט געזען אַהין ווײַט, וואו די אײַנגעקלײַבענע אונטערליבע פֿעלדער האָבן זיך געוואָרעלט אינם האָריזאָנט, אײַנגעזען ווי א בלינדע ריזיגע קאָפּ מיט צום לײַב אָנגעשטויסענע האָר, שטענדיקע פֿאַרגלייערטע, ווי געשטעלט זיך קאַפּויר...

עפּיס אומעטיקס האָט געוויעט פֿון דער אַנטבלויזטער ערד, וואָס האָט שוין פֿאַרלאָרן איר פֿאַרבן און נאָר שטום, אומבאַוועגלעך געקוקט אַרויף צום הימל, געזוכט א טרייסט אינ'ם באַדויערנדיקן בליק פֿון זײַן אויסגעמאַטערטן בלויען געזיכט.

— די נאַטור האָט א ביסעלע א שאַפֿנדיקן זומער איבערגעלעבט, — האָט בערל פֿאַרטראַכט אַרויסגעזאָגט, — חלום'ט זי איצט פֿון איהם, א מידע, א פֿאַרבענקטע.

— א מידע, א פֿאַרבענקטע...

מעכאַניש האָט אסתּר'קע בערל'ס לעצטע ווערטער איבערגע'חזר'ט, געפֿילט מיט זייער אַנדערע, אמת'ע באַדײַטונג: ס'האָט דאָך זי אויך די אַרומיקע לויטערקייט גערעגט, אין די ווײַטע נאָגענדיקע שטראַלן האָט, דאַכט זיך, געצאַפּלט נאָך א לעצטע מעגלעכקייט. די קלאָרקייט האָט פֿון אַלץ שוין דאָך געוויאוסט...

— כ'האָב ליב דעם דערפאַהרענעם דאַרבסט נאַט, האָט בערג איהר געדאַנק געכאַפּט, — כ'האָב ליב, ווען ער פלעגט זײַנע לעצטע ווילבערגע געצען, צײַנגענדיגע זײַנען זײַ, אונפערשטערליכע אפּשטאַל...

זיכער, איינמאָל האָט בערג געהערט, ווי אויפגעוועקט שוין זײַן נשמה, מיט די ייערמער זײַן טיפע יאָוגט פאַר אסתר'קען געוואָלט איינגאַנצע אַנטפּלעקען.

און געזייגען האָט שוין אסתר'קען אַרײַנדרינגען אין זײַן נשמה, אָפּגעבען זיך איהר יוהיגער טיעפקייט, שטילען דאָרט די געבוירענע ספקות, אויסלעבען פאַר איהר איבעריגע, שוועריע.

ווײַט זײַנען זײַ שוין אָפּגעגאַנגען, געזעצט זיך אָפּרוהען, אויסגעוועהלט ווי צוויי שיאַרצע פערלאָרענע פינטעלעך צווישען דעם העל-ווילבערגעם ים.

און כ'האָט זיך שוין אזוי געכאַפּט, אז אסתר'קע האָט געלעגט איהר קאָפּ בערג'ן אויף די קניה, אָנגענעם געפיהלט ווי ער האָט איהרע האָהר געגלעט און אין דער הייך גע־קוקט. דער הימעל האָט איצט מיט שטערען אויסגעשאָטען. אויסגעלעבטע אָבער זײַנען זײַ געווען בלאַסע, שלאָפּינקע, א פּניב, געציטערט א ווײַלע אין רוים און באַלד אַראָפּגעפאַלען, איינע נאָך איינע צו דער ערד־צו געפלויגען.

— פאַלענדיגע שטערען, — האָט אסתר'קע געמור־מעלט, — אז איך בין א קינד געווען האָב איך געמיינט, אז דאָס פליהען אַראָפּ געשטאָרבענע נשמות, און איצט ווילט זיך מיר נים גלויבען, גלײַך ווי אלע, אז דאָס שטאַר־בען די ליעבעס, וואָס זײַנען פאַר'ן זומער געשלאָסען...

— איהר ווילט נים זײַ זאָלען שטאַרבען...

ער האָט איהר געקוקט, בערג, פון אויבען אַראָפּ

גלײַך אין די אויגן און אסתּריקן איז געוואָרן אומהײמליך
פֿון זײַן דורכנעמענדיק־פֿלאַמענדיקן בליק.

— בערל, קוקט נישט אויף מיר אַזוי!

אסתּריקע האָט זיך שעמעוודיק אָפּגעקערט, געפֿילט
ווי ס'האָט בײַ איר דאָס האַרץ געקלאַפּט, מאָדנע־ווײס גע־
נאָגט... ווי אַ שולדיקע נאָכדעם שטיל אויסגערעדט:

— ווען איר קוקט מיך אָן אַזוי, נאָר אַ סך, ווערט
איר מיר אַ ווילד־פֿרעמדער, בין איך אײַך נישט...

— און איך קען אײַך אסתּריקע, בין איך אײַך פֿון לאַנג,
פֿון אײביק אפֿשר. בערלס שטימע האָט ציטערדיק־הײם
געפֿלאַטערט. — בין איך אײַך, האָבט מײַנעם נישט, בעטס,
ווער איר זאָגט, ווײַל אַ פֿרײַען נשמה שעפֿט אָפּמאָל נישט
אויף איר אײַנגעבילדעטקײט, אַ סך מער ליגט טײלמאָל
באַהאַלטן אין די מיסטישע קנײטשן פֿון אירע לידער־
שאַפֿטן, דערפֿאַר זײַנען איבערהויפּט מעגלעך ענלעך צו
נישט אַנדערקענטע מענטשן...

געשוויגן האָט אסתּריקע, אָפּגעגעבן זיך דער הער־
שענדיקער איצט צײַטשן די אינטימער שטימונג, ווען אַנ־
אַנגעבראָכן־פֿרײַ וואָרט פֿאַרשאַפֿט אַ בעזונדער הנאה, דריקט
אויס, אָנשטאָט דער שווערדיקער נאָך בעווײַזונג, דעם
פֿאַרבאָרגן־האַלטענעם שאַרפֿן פֿאַרלאַנג...

נאָך געהעכטער האָט זי שוין געפֿילט בערלס בליק,
נאָך ציטערנדיקער זיך צו אים געצויגן, און אַלץ זיך
צוגעהערט ... אין געדאַנק זײַנען איר געפֿלויגן אַלערלײ
מאָדנע זינדיקע מחשבֿות: עפּיס אַ קלענער געטון, אַז קינד־
ווײַז האָט זי ליב געהאַט אײנעם אַ פֿעטער, וואָס פֿלעגט
זי אָפֿט קושן... אַז חווה איז איצט ווײַט, ווײַט... און אַז
דאָס ברענסטע שטערנדל פֿלאַטערט אײפֿן הימל אַ
דערשראָקענעם, אַבי־אָט ווערט עס אַראָפּפֿאַלן.

ניט פֿערענדיגט האָט זי איהר געדאַנק, בערג'ס אויגען זײַנען שוין נאָר האַרט געווען נעבען איהרע. ביידענס בליקען האָבען אין איין שאַרפֿען פֿלינקען בליץ אויפֿגעפֿלאַמט און פֿעראייניגט זיך אין א הייסען, ליידענשאַפֿטליכען קוש...

א מאָמענט — און אסתר'קע איז שוין געווען אויסגעשטאַנען, אַנטלאָפֿען, ווי אַ דערשראָקענער הירש, ווי א לײַכט געשווינד יונג'ל ייִט־ייִט שוין איבער'ן שטעכענדיגען פֿעלד גערוישט...

ווען בערג איז בײַ זיך אין צימער שפּעטער געזעסען און געוואַרט — איז זי צו איהם געקומען. אַנאַנטשלאָסענע זיך געגעבען, איהם איהר פֿרישע פֿערבענקטע יוגענד געבראַכט. עמיצער א ליכטיגער האָט דורכ'ן פֿענסטער שטראַהלענדיגע בליקען געוואָרפֿען, א ווײַסער, א ווײַסענדיגער געפֿרעהט זיך... ניט געשעמט האָט זיך אָבער אסתר'קע, געהאָלפֿען בערג'ן אַראָפּציהען פֿון איהר די קליידער, געוואוסט שוין פֿלוצים, אַז דער אַנטבלויזטער פֿערגעניגען איז טיעפֿער מעכטיגער...

נאָך העלער איז געווען דער הימעל, נאָך בלאַסער די נאַכט. א בלויע, א בענקענדיגע געמאָסטען זיך געצייטערט איבער דער אונענדליך־אויסגעשפּרייטער וועלט. ערגיץ ווײַט נאָר, איפּ'ן האָריזאָנט, פֿערטינקעלט זיך מיט א פּאָר גראָהע הילפֿלאָזע קנייטשען, פֿערטראַכט זיך, א פּנים מכּה דעם קומענדיגען האַרבסט־טאָג...

# VII

קומען זיי יעדער אין דער פריה מיט די ערשטע זונען־שטראַלען די קליינע דריבענדיגע געדאַנקען, וואָס לאָזען ניט איצט אסתר'קען שלאָפען קינדיש וואַרגלאָז שפּעט אויפ'ן טאָג, ווי פריהער.

אין מיטען זיצען פריה־מאָרגענדיגע דריבעל קומען זיי און זאָגען, אַז עפּיס איז געשעהן. וועקען זי אויף א צאַפּלענדיגע און הייסען איהר אַרטן־בכור: „שלאָף ניט, ס'איז שוין אַנדערש ווי פריהער"...

פיהלט אָבער אסתר'קע ניט אינגאַנצען דעם וואָהר נאָך, טרוימט זיך איהר מיידעלש־געהיים ווי פריהער. צו־טערט זי ניט די טיעפע פער'חלום'טע, איבערגעלעבטע זומער־אווענדען, דורשט ווידער נאָך די זיס'ען בענקענדיגער ליבטונקייט און לעבט איבער נאָך אמאל יענע קלאָרע, אויפ־געראגטע נאַכט... האַפט זיך אויף פון א עקסטאַטישער איבערעגונג און ווייסט שוין, אַז אַלץ איז פאַראיבער, אַז טרייסטען וועט זי מעהר אַזוי קיינמאָל ניט־קענען, נאָר ווייסען וועט זי אַלץ געניי, ווייסען און טראַכטען איצט, נאָר טראַכטען...

ליגט אסתר'קע אין בעט שעה'ן־לאנג, א יאבערינג מיט צוגעשלאסענע אייגן, ווילט זיך איהר הערען און פיהלע, ווי ס'פלאנטערט זיך אין געדאנק, אין נשמה, שלענגעלט זיך שוין פון דער שיי־קייט ארויס, די ניט־געבוירענע נאך נײַע שטימונג, די פרויען־שטימונג, אזא באנגע און א זאנפטע...

א קנויל איז זי און אין מיטען איז בערל געשטאנען און געצייגען פון איהר אינטימע אפגעגעסענע פעדים, ס'דאכט, אז פון דער נשמה און ס'דאכט. אז פון גוף: יאריב בערע גלייך זעגען זי איצטער ליידיגע און פולע, שיינע מיעף אז, פילרעדיג, רעש'ן. און בערל איז אויך איצט א אומבעקענטער און א נאהענטער, א ווילד־פרעמדער אין א טיעף־אינעווייניגסטער, וואס האט דארטען אינעווייניג עפיס בײַ איהר אפגענומען, און זי ווייסט ניט, וואס, בעצט, אבער ער דארף ווייסען, מחמת ער ציהט זי דאך דערמיט...

שווימען ארויס די מיידעלש־בורית'דיגע ברוימען, פער־ טיעפטע דורך זייער פערשייעבטקייט, הייליגע נאך זייער ווגדיגער בערייליבקייט, זאנפטע, פילטיג איצט, ריען זי האבען זיך פערווייקליבט, פערשוואונדענע און איבריגע...

— אסתר'קע!...

אין מיר איז חוה געשטאנען, שוין לאנג, א פנים, אנ' אומבעמערקטע ערשיינען.

אינסטינקטיוו האט אסתר'קע אויף זיך די קאלדרע אנגעצויגען, עפיס געשעמט זיך פאר דער חבר'טע מיט איהר קערפער... פלינק א טראכט געגעבען, אז זי האט וועגען חוה'ן גאר פערגעסען, גלייך ווי אנ'אויבינקייט ניט געזעהן זיך.

— זי ווייסט אלין, חוה?...

דער געדאנק איז אסתר'קען שמערצליך אין מח ארויך און א פערבעהאלטענער פערגלייערט.

חוה איז א בלאסע געשטאנען מיט מיעסע גרויסע אויגן — איהרע אויגן — אינגאנצן איצט אפענע פרע־גענדיגע, געווענדעטע אנבקעגן אסתר׳קעס שווערן בערטמענדיגען שווייגן.

שמיל איז געווען, עמיצער־א־דריטער, א נאהענטער, בעדענב א אינטימער, איז געשטאנען צווישן זיי און מיעה געלבטן, געציטערט אין געוואַרט...

— אסתר׳קע...

נאר שמיל האט חוה שוין דורכגעשפעשעט, געוועצט זיך שמערצליך־שווער אויף א שטול.

— זי ישנט שוין...

נאך מיעפער האט זיך אסתר׳קע געווייקעלט אין צו־דעק, געפיהלט, אז חוה׳ס בליק איז אזא דרינגענדיגער אנ־אמבלויזטער. נאבדעם פלוצים א האפ געטון זיך, אנידער־געזעצט זיך, צינעמיליעט צום יונקעל א פערביעפטע, א צימערדיגע...

זעענען זי בײדע געבליבן פערגלייערטע אויף זייערע ערטער אין דער שווערער דריקענדיגער שטילקייט, גלייך ווי זייערע נשמות יאלטען שבעה געזעסן, בײדע שמיל ניט־געקרעדט געקלאגט זיך אויף דעם, וואס ס׳איז פאטאל פאר־געקומען, אפגעטון זיך סמיביש ערגין אין דער מיפעניש פון די פערבעהאלטענע אימפער־מתרליבע געוועצן פון דער ליעבע...

חוה האט שוין געווײנט מיעף, יאוש׳דיג, ווי בעקלאגט בימער א גרויסען א נאהענטען טויט, עפיס אזעלבס, וואס ס׳איז אויף אייביג אומפערשטענדליך פערשוואונדען, אהן א מעגליכקייט פון חרטה, פון צוריק קערען.

אינצטער האט אסתר׳קע זיך צו חוה׳ן גענעהענט; ווי אנ־

## פון דעם זעלבען אווטאר:

„...ינקענדע נשמות" (ערצעהלונג) . . . . . . . 40 קאפ.

...ען געשפּיהלען וואכען" (איינאקטער) . . . . . 15 „

